# די קאַטץ.

אַ מאָנאָלאָג

נאָך שלום עליכם.



בהוצאות מאיר עפשטיין מוכר ספרים דפה

בערדיטשוב, תרע"א.

---

КОШКА. — Монологъ.

Бердичевъ, Типографія «ШЕФТЕЛЬ».

# די קאַטץ.

## א מאָנאָלאָג

## נאָך שלום עליכם.



[illegible] די קאַלאַטוכע האָט געהאַט אַ שם אין שטעדטעל מיט איהר „מענה לשון", מען האָט געציטערט פאַר איהר מויל אַזוי ווי פאַר פייער. אַז גאָט האָט אימיצען געוואָלט שטראָפען האָט ער אויף איהם אָנגעשיקט שרה די קאַלאַטוכע און יענער האָט שוין געהאַט פון איהר אַז פינסטער און ביטער איז איהם געווען.

מיט דעם שטעדטעלשען רב האָט זי זיך גערעכענט פאַר אַ שטיקעל קרובה פון דער רעביצעג׳ס צד, דעריבער אַז עס פלעגט זיך איהר אַ מאָהל מאַכען אַ שאלה, וואָס זי פלעגט מוזען קומען צום רב, פלעגט זי שוין אָברעדען פאַר

אַ אידענע, פאַר אַ קרובה, פאַר אַ שאלה־פרעגערקע און פאַר שׂרה די קאַלאַטוכע צוזאַמען, אַז דער רב פלעגט קוים דער־לעבען פטור צו ווערען פון איהר.

היינטיגען פאַר פסח האָט זיך שׂרה געבראַכט צושלעפּען ביי׳ן רב מיט אַ גרויסען הילצערנעם מולטער אין איין האַנד, אין דער אַנדער האַנד האָט זי געטראָגען אַ קעלבערנעם לונג און לעבער איינגעוויקעלט אין אַ נאַסען האַנדטוך, אין פאַרטוך ביי איהר איז געלעגען איינגעדרעהט אַ קאַץ, וועלכע האָט געמיאַוקעט מיט אַ פערשטיקטען קול. זי האָט קוים דעם אָטהעם אָבגעכאַפּט דאַן האָט זי דעם מולטער אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד, דעם האַנדטוך מיט׳ן לונג און לעבער אַוועק־געלייגט אויפ׳ן טיש, דער קאַץ האָט זי נעגעבען אַ בענטש איבער׳ן קאָפּ „שטום, געהרג׳עט זאָלסטו ווערען" און זיך ווענדענדיג צום רב האָט זי אַ זאָג געטהאָן: „רבי, איך האָב אַ שאלה"...

דעם רב איז געבאַך געוואָרען ניט פרעהליך אויפ׳ן האַרצען ער האָט זיך שוין אָנגעשטויסען וואָס „שׂרה דער קאַלאַטוכעס" אַ שאלה קען זיין, ער האָט זיך אָבער געמאַכט אַ מוטה און איהר געהייסען פרעגען.

— רבי, — איז שׂרה צרוים מיט דער שפּראַך — איך האָב אַ קאַץ, אָט איז זי טאַקי, אַ בראָך אין איהר, אַ מיתה־משונה זאָל זי אַיננעהמען, אַ כפּרה זאָל זי ווערען פאַר מיר מיט אייך צוזאַמען — קאָן איך פון איהר ניט דערהאַלטען.

וואָס איך לייג אַוועק איז ניט אַוועקגעלעגט, וואָס איך שטעל אַוועק איז ניט אַוועקגעשטעלט, רבי — האָט זי אויסגעלאָזען מיט אַ קוויטש — הלואי זאָל איך ליגען זאָגען, אויב איהר וועט דאָ איצט ניט מאַכען אַ סוף מיט דער קאַץ, וועל איך פון איהר סאָנע סראָעל (שונאי ישראל) אָהן אַ צייט אין דער ערד געהן, איהר הערט רבי?

— אָבער שׂרה, גאָט איז מיט אייך — האָט זיך דער דער רב גענומען בעטען — וואָס האָט די קאַץ צו דער שאלה? אויף אַ קאַץ קומט מען ניט פרעגען קיין שאלה בייַ אַ רב.

רבי, געזונד זאָלט איהר מיר זיין, לאָזט זיך דיעגען. מסתמא, אַז איך זאָג אייך די קאַץ. וויים איך וואָס איך רעד. איך וועל ניט אַריינפאַלען גלאַט אַזוי ווי דער יון אין סוכה. הערט איהר רבי, אַז ווען ניט די קאַץ, וואָלט גאָר די שאלה ניט געווען, וואָס ווייסט איהר רבי, קריין, האַרץ, ס'אַראַ נאַשערקע דאָס איז, אַ גע'שמד'טע האַלדז, אַז דערשטיקט זאָל זי ווערען חאָטש היינטיגע נאַכט. מען זאָגט אַ מאָהל אַ קאַץ, מיכלע די מילכיגערין האָט אויך אַ קאַץ, אַ שוואַרצע, זי איז שוין בייַ איהר דאָס דריטע יאָהר, זי האָט גאָר פון איהר קיין צרות ניט, האַלט אין שטוב די לאַרישעם זויערמילך, סמעטענע און סיראָוועטקע, און די קאַץ זאָל זיך גאָר צוריהרען. בתיה די אַלטע האָט אַ קאַץ, זאַלצט אוים די פלייש, לאָזט אָבגע- דעקט, און די קאַץ זאָל גאָר אַ שמעק טהון, מאַלע ווער עס האָט קעץ? אויף קיינעם איז ניט אַזאַ צרה, אַזאַ אָנשיקעניש ווי אויף מיר, מיין קאַץ, אָט ווי קליין זי איז, רייסט זי פשוט

פון די הענד. אַ פּערמענענס וואָס היזיקות זי האָט מיר שוין אָנגעטהאָן. רבי! צייט די קאַץ איז אַריין אין מיין הויז, איז מיין לעבען פערפינסטערט געוואָרען, איך בין גראָה און אַלט געוואָרען, אָט צוליעב דער נאַשערקע אַ חאָליערע זאָל איהר אויסקלעגען חאָטש דאָ אויפ'ן אָרט.

נאָר ניט דאָס בין איך אויסען. רבי, איך וויל אייך נאָר אויספיהרען אַקעגען דער שאלה. נעכטען בין איך אַוועק אין מאַרק נאָך פיש, איז ניט געוועזען קיין פיש, ס'איז אַפילו יאָ געוועזען פיש, אָבער ניט פאַר מיר. איך קאָן מיר אַזוי גרויס ניט פיהרען צאָהלען 30 קאָפּיקעס אַ פונט העכט, דערנאָך—זאָל די בייזע שעה ניט זיין — זאָל מען אַריינפאַלען ביי מיר אין שטוב קלאַפּען אין טיש „איהר האָט אָנגעפרעסען מיין געלד! פרעמדע געלד האָט איהר אָנגעפרעסען!“

יאָ, אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַ קעגען דעם וואָס איהר זאָגט פרעמדע געלד... אָט האָב איך אַ שכנ'טע זעלדעצקע, הייסט זי, איז ביי איהר היינטיגע וואָך אַריינגעפאַלען דער קצב מיט קולות, עס קומט איהם נעבאַך 15 רובל פאַר פלייש, אַ איד אַנ'אָרימאַן, איך בין גראַדע געשטאַנען דערביי, איך זאָג אייך עס האָט מיר געפלאַמט מיין פנים פון חרפה, מיינט איהר, אַז איהר האָט דאָס עפּעס געקימערט? אַ האָר אויך ניט, חאָטש ווארף איהר אַ קאַץ אין די אויגען... מען דאַרף זיך ניט וואונדער'ן, לייט קענען טאַקי, וואָס מיינט איהר פון על חטא איז מען ניט פעט? מען נעהמט אָן מען באָרגט אָן, ביז האַלבע נאַכט געהט דער פייער ניט אויס, נאָכאַנאַנד

מען קאָכט זיך, מען פּרעגעלט זיך, מען בראָט זיך, נו, וואו זאָל זיך דאָס נעמען? דעם מלך'ס אוצרות קאָן דאָך אויך ניט סמיען, נאָר מיין לעצטע דאגה זאָל עס זיין, איך וויל נאָר אַרום איהר ניט ריידען, ס'איז ניט מיין נאַטור צו געהן בעריידען דעם צווייטען... מיין כפרה איז זי, פון מיינט וועגען הענגט זי זיך אויף, ס'פּערדריסט מיר מעהר ניט, פאַר וואָס זאָל אַזאַ שפלה מיר זאָגען; „פּטור מ'קען אייך שרה פאַר אַ כּע־ריידערקע". רבי! איהר קאָנט דאָך מיר שוין ניט פון היינט, האָט איהר מיר געהערט אימיצען בערייידענדיג? נאָר וואָס איז דאָ פאַראַן אַסך צו רעדען, ניט וויט פאַלט דער עפּעל פון בוים, אידר טאַטע איז בעסער געווען? ער האָט אויך — זאָל ער מיר מוחל זיין — געצונדען און אָנגעזעצט און כל מעשים רעים אָבגעטהאָן... און וואָס איז איהר מאַמע געווען? פרעגט מיר, וועל איך אייך זאָגען, ניט איין מאָהל האָט איהר דער פּישער געפּאַטשט פאַר נעהמען אַ העכט ניט געפּרעגטער־הייד. היינט זאָגט אַליין רבי, איז ניט אַקלאָג צו די יאָהרען? סקאַרפּעטקע אַ בגד און זעלדעטשקע אַ בעל הבית'טע... באשר איך בין ניט דער מענש וואָס זאָל געהן רעדען אַרום דעם צוויי־טען אַ ניט וואָלט איך איהר דאָך געמאַכט שוואַרץ די גאַס...

יאָ, אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם וואָס איהר זאָגט מען דאַרף לעבען ווי מען קען... אַז קיין ג'ויסע פּיש קען איך ניט קויפען, האָב איך מיר בעגוגענט מיט אַ פּאָר פונט קליינע פּישלעך אויף צו האַקען, איך האָב מיר געקלערט אַז איך וועל דאָס האָבען פאַר מיינעם אויך

װעטשערע און אויף מאָרגען אַװאַרמעס. איך קום אַרײַן אין שטוב, לעג אַװעק די פישלעך און געה אַרויס נאָך אַפּאָר ציבעלעס, דאַרף מיר צום שלים מזל אָנכאַפּען יאַכנע די! זאָגעריז — איהר קאָנט דאָך איהר די פלוידערזאַק, אַז זי נעהמט רעדען איז דאָך פון איהר אַפּאָלע גיט אָבצושנײַדען, און בערערט די גאַנצע װעלט, זאָל גאָט שומר ומציל זײַן אין איהר מויל אַרײַנצופאַלען... קורץ איך קום אַרײַן אין שטוב, און געפין פון גאָר די פישלעך עטליכע קעפּלעך און ניט מעהר· איך האָב געמיינט שונאי ישראל, אַז איך קריעג די פּלאַצן דאָ אויפ'ן אָרט, װאָס טהו איך דאָ? װאָס גיב איך איהם פאָרט עסען? לויף איך דאָך מסממא אַרײַן בײַ מײַן זעלדעטשקען — איך האָב איהר דאָך האָלט זאָל איהר גאָט אַזוי האָלט האָבען — און נעהם בײַ איהר אַשטיקעל פיש, מײַנער זאָל ניט װיסען אַז איך האָב גאָר נישט געקאָכט. טרעפט זי איהם אָן אויף מאָרגען, מאַכט זי צו איהם; „װי האָט אײַך געכטען געשמעקט מײַנע פיש"? אָט דאָס קאָן זעלדעטשקע!...

יאָ, איז אַקעגען װאָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם װאָס איהר זאָגט זעלדעצקע... װאָס װייסט איהר װאָס איך לײַד מיר אוים צוליעב דער װײַבעל, אַזאַ מערכה זאָל זי האָבען פון גאָט ס'אַראַ מערכה זי האָט מיר געמאַכט בײַ מײַן מאַן; קאָכט זי װאָס אוים, טראָגט זי איהם אַרײַן כלומר'שט צו פערזוכען, זי מאַכט דאָס צורעכט מיט געװירצען שדים װייסען איהר װי, און װי נאָר עפּעס דער מיטאָג איז אַמאָהל ניט אַזוי געראָטען, װאַרפט ער מיר באַלד אויף: „קאָכען

דאַרפסטו זיך נאָך לערנען בײַ זעלדען" איך װער אַ צופּוקטע דאָס הערענדיג, אָבער װאָס קאָן איך טהאָן; אַז גאָט האָט מיר געשטראָפט מיט אַזאַ קאַץ, אַזאַ נאַשערקע, דערװאָרגען זאָל זי װערען...

בקיצור רבי, איך װעל אײַך לאַנג ניט פּערציהען, װײַל איך זעה דאָס איהר אײַלט זיך צו מנחה, און װײַלע איך אַלײן, האָב אױך קײן צײַט, דעריבער מאַך איך דאָס בקיצור, װאָרום איהר דאַרפט װיסען רבי דאָס איך האָב ב"ה אין דער הײם נענוג אַרבײַט, עפּעס אַ קלײניגקײַט עס געהט אַזאַ יום טוב פּסח, און מען מוז אַלץ װאַשען, שײַער'ן, רײניגען, כשר'ן, און װער? אַלץ איך אײנינקע אַלײן, איך האָרעװע איבער די כחות, הלואי זאָל איך ליגען זאָגען מען הײַט מיר נאָך אַמאָל געפינען אַ געפאַלענע אין גאַס; עפּעס אַ קאַטאָװעס צו זאָגען אַזאַ יום טוב אַרײַנבריינגען? גאָה שלעפּ אַ שטופּע פון דער צעהנטער גאַס צו שטויסען די מצה, דערנאָך אָבשטעהן אויף די קראַנקע פיס אַ גאַנצען טאָג. און שטויס, און שטויס, עס האָט מיר אַזש די האַרץ אויפגעריהרט, דערנאָך בײַ נאַכט אַז איך האָב מיך געלעגט שלאָפען, האָט זיך מיר צוריק אָבגערופען מײַנע רעמאַטעס— ניט פאַר אײַך געדאַכט רבי—אונטער די ליטקעס, װי אַ פּאָר שרצים װאָלטען שטעהן און מיר גריזשענען...

יאָ, איז אַקעגען װאָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם װאָס איהר זאָגט האָרעװען... פריהער האָב איך געהאַט אַנ'עסק מיט די מצה, ביז איך האָב אָנגעשטויסען מצה-מעהל און פאַרפּעליך. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה מיט

די בּוּריקעס שטעלען, פּסח, ווי איז איז מען דאָס אָהן אַ קאָפּ ראָסעל? איז אויפ'ן פּאַהיבעל זיינען גראָד פון מיין ציבערטשיק אַלע רייפען אַראָבגעפאַלען און זעלדעצקע האָט נאָך גאָר אַ נייע דעמבאָווקע, האָבען מיר אָבגערעדט צו שטעלען די בּוריקלעך בּשותּפות, מוז זעלדקע, העלף אויך בּריינגען די בּוריקלעך פון מאַרק, שאָבען און מאַכען, דו ווערסט דאָך אויך דאַרפען פרעסען; איז דאָך דאָס אָבער זעלדעטשקע, אַ שפּאַס זעלדעטשקע! מאַכט זי צו מיר: „ווייסט איהר גאָר וואָס שרה, טהוט מיר קיין טובות ניט, גיט מיר אַוועק מיין דעמבאָווקע און איך וועל שטעלין מיינע בּוריקעס אַליין“... אָט אַזוי ווערט מען דאָס פערשוואַרצט האָרעווענדיג...

הכּלל רבּי, איך זעה אַז איהר איילט זיך צו מנחה,— און עס איז שוין טאַקי צייט, וויל עס האַפּט שוין טונקלען אין גאַס—און איך אַליין האָב אויך קיין צייט ניט,דעריבער וועל איך דאָס מאַכען בּקיצור, נאָר מישטיינס געזאָגט קוים אַמאָהל וואָס מען זעהט זיך, מען טראָגט אַלין אויפ'ן האַרצען, מען דאַרף דאָך אַמאָהל פאַר ווערען ניט איז אויסרעדען די האַרץ, אַז ניט, קען מען דאָך שונאי ישראל פלאַטצען; קיין אַנדערע קרובים—אַחוץ אייך רבּי—האָב איך דאָ ניט, איך בּין דאָך ב"ה געבליבען עלענד ווי אַ שטיין, טאָמער ווערט מען חלילה— זאָל די בּייזע שעה ניט זיין—קראַנק, איז דאָך ניטאָ ווער עס זאָל אפילו אַ לעפעל קאַלטע וואַסער דערלאַנגען...

יאָ, איז אַקענען וואָס זשע איז דאָס געקומען צו רעד! אַקענען דעם וואָס איהר זאָגט עלענד... אַז עס איז שוין ב"ה

אַזאַ וועלט געוואָרען, מען האָדעוועט אוים קינדער, מען ווערט פערשוואַרצט איידער מען מאַכט זיי פאַר שטיקלעך מענשען, מען דערשלאָפט ניט קיין נעכט; לסוף וואָס לאָזט זיך אוים? ווערען זיי פערוואָגעלט, פערטריבען איבער ימים, ווער זעהט זיי, ווער הערט פון זיי? פון מיין חאַצקעלען פון אַמעריקע האָב איך נאָך אַ מאָהל אַ שטיקעל בריוועל, אויף אַיום טוב שיקט ער מיר צו עטליכע רובל אויך און אויף יעדען ראש השנה שיקט ער מיר צו אַ שנה טובה וואָס איז אַמציאָה אַ האַלבען קערבל, אָבער פון מיין חיענען האָב איך נאָך קיין אַיינגעטונקטע פען ניט געהאַט, שוין אפשר דאָס דריטע יאָהר, גאָט וויים צו זי לעבט מיין פייגעלע נעבעך...

יאָ, איז אַקענען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַקענען דעם וואָס איהר זאָגט קינדער... וואָרום די גאַנצע ביסעל נחת האָב איך פון מיין טשערנען, וואָס האָט חתונה געהאַט אין קרעסלאַווקע. איהר מאַן איז אַפילו אַ פראָסטער מענש, אַ בעל עגלה, אָבער אַיין ערליכער מאַן, האַלט איהר ווי די אויג אין קאָפ; זיי האָבען אָהן עין הרע זעקס קינדערלעך ווי די ברוי-ליאַנטען, דער עלטערער צאַלקע ווערט שוין היינטיגען חול המועד פסח געזונטע זעקס יאָהר ביז הונדערט און צוואַנציג, ער לע-רענט שוין סדור. איך בין ביי איהר געווען טאַקי היינטיגען פורים, זי איז געלעגען געוואָרען מיט אַ מיידעל, האָט זי מיר געשריבען איך זאָל קומען אויף קינפעט... וואָס, רבי? איהר געהט שוין טאַקי אַוועק? אָט נאָך איין מינוט רבי, איך קאָנצע שוין, איהר דאַרפט וויסען רבי, אַז איך האָב אויך קיין ציים

ניט און דערינבער וועל איך שוין דאָס טאַקי מאַכען בקיצור און איך וועל מיר טאַקי אומקעהרען צו דער שאלה וואָס די קאַן האָט מיר אָנגעמאַכט, אַ פערצאַפּעלטע זאָל זי ווערען נאָטעניו, אָט דאָ אויפ'ן אָרט..:

יאָ, איז וואָס האָב איך אַייך דאָ געוואָלט אויסברייינגען! זוגען דער שאלה הייסט עס; איז געכטען שטעל איך קלערען מיינע מעד, מיינער האָט נאָך אַ האָר געקאָנט בלייבען אָהן איין אויג פון די מעד. איך זאָג איהם: „מענדיל טשעפּע ניט די פּעסעלע מעד", ראַרף ער דאָך מסתמא צוגעהן הערען צו עם אירדט ... איז טרוסק! עס האָט געגעבען אַ שאָס דער ספּונט, ווי פון אַ האַרמאַט. אַ נס וואָס ער האָט שׂכל געהאַט אָבצו- שפּרינגען אין אַ זייט האָט עס דערלאַנגט אין באַלקין, הייגט אַז די פּעסעלע איז שוין סיי ווי סיי אָפען, געה איך דאָך מסתמא און נעהם זיך אָנגיסען די מעד אין די פּסח'דיגע פלאַשען, ראַרף דער טייוועל אָנטראָגען אין מיטען דערינגען צביה די פּרורים'ניצע מיט אַ לונג און לעבער, רופט זיך אָן מיינער: „עס וואָלט ניט שאָדען, דו זאָלסט טאַקי היינט מאַכען אַ שטיקעל געבאַקטע לעבער מיט די פּסח'דיגע שמאַלץ, ווען איך וועל קומען פון דאַוונען". קויף איך דאָך מסתמא דעם לונג און לעבער און לעג איהם אַוועק אויפ'ן שטוהל און געה קאָנצען אָנגיסען די מעד אין די פלאַשען. עהע, די קאַץ — אַ נבפא זאָל איהר פערצאַפּלען אָט דאָ ביי אַייך אין שטוב — האָט דאָס דערשמעקט און אַ חאַפּ געטהאָן דעם לונג און לעבער און לויפט. „עה, טראַכט איך מיר, אַזוי לאַנג קריינקסטו, ווי לאַנג איך וועל דיר דעם לונג און לעבער ניט

נעֶבּען חאַפּ איך דאָך אַ האַנדטוך און נעֶהם איהר מסתמא יאָגעֶן, איז זי ניט פויל און שפּרינגט אַרויף אויפ'ן טישעֶל, וואו עֶס שטעֶהעֶן די פלאַשעֶן פּסח'דיגעֶ מעֶד, מיט דעֶם חמוץ־דיגעֶן לונג און לעֶבּער. „דאָ איז שוין מײַן קלאָג", טראַכט איך מיר צום דערלאַנג איהר פון וויַיטעֶן אַ סטראַשעֶ, זי זאָל אַראָבּ־געֶהן פון טישעֶל, וויל זי דאָך מסתמא אַ שפּרונג טהון אויפ'ן שטוהל, פעֶרטשעֶפּעֶט זי זיך אָן דעֶם זעֶקיל וואו עֶס זײַט זיך די מעֶד און באַבּך? וואַרפט איין די גאַנצעֶ נעֶבּיי, דעֶר שטוהל פאַלט אַנידעֶר און די פעֶסעֶלעֶ מעֶד גיט זיך אַ גאָס אויף דר'עֶרד, אַ קאַטאָוועֶס? אפשר 4 קוואָרט מעֶד, און שייך מעֶד... פעֶרגעֶס איך אַז דעֶר האַנדטוך איז אַ חמוץ'דיגעֶר און שעֶפּ, מיט איהם צונויף די מעֶד אין פּסח'דיגעֶן פעֶסעֶלעֶ, אַז איך האָבּ צונויפגעֶנומעֶן די מעֶד, חאַפּ איך מיר צום לונג און לעֶבּער, עֶרשט זי האָט איהם שוין פעֶרטשיאַפּעֶט און אַרײַנ־געֶשלעֶפּט ווי אויף אַ צו להכעיס אין מילכיגעֶן מולטעֶר און אַ האַלבּעֶר לעֶבּער איז שוין אויפגעֶפרעֶסעֶן... איך האָבּ געֶמיינט אַז די שלאַק וועט מיר חאַפּעֶן; אויף די הייסעֶ צייַנעֶר איז אָנגעֶקומעֶן מײַן מעֶנדל, איך חאַפּ די קאַץ און זאָג: „איך מוז איהר איין מאָהל פאַר אַלעֶ מאָהל אַ מיתה משונה מאַכעֶן, איך וועֶל איהר דעֶרשטיקעֶן!" מאַכט עֶר צו מיר: „מעֶן טאָהר ניט, ס'איז אַ צער בעלי חיים; זעה בעֶסעֶר בעל הבית'טעֶ, דו האָסט דאָך אָנגעֶמאַכט נאָך גרעֶסעֶרעֶ שאלה ווי יעֶנעֶ, דו האָסט צונויפגעֶנומעֶן די פּסח'דיגעֶ מעֶד מיט'ן חמוץ'דיגעֶן האַנדטוך", אוי וועה איז מיר, וואָס טהו איך דאָ איצט? איך האָבּ דאָ טאַקי אָנגעֶמאַכט אַ גאַנצעֶ צרה; איך האָבּ געֶ־

כאַפּט אַלץ מיט אַנ׳אַנדערע און בין געקומען צו אייך פרעגען אַ שאלה, זאָגט מיר רבי, וואָס איז מיט די צונויפגעשעפּטע מער? און ווי איז מיט דער פּעסעלע? וואָס זאָל איך איצטער טהאָן מיט׳ן מילכיגען מולטער? און ווי איז דער־דין מיט׳ן לונג און לעבער? צו מעג מען עסען איהם ווייבאַלד ער איז געלעגען אין אַ מילכיגען מולטער? און דער עיקר וואָס זאָל איך טהאָן מיט דער קאַץ מיט אַזאַ גע׳שמד׳טע האַלז? פערצאַפּעלט זאָל זי ווערען אָט דאָ אויפ׳ן אָרט. רבונו של עולם, האַרציגער פאָטער!.. און ווידער האָב איך גלאַט געוואָלט וויסען, איהר זאָלט מיר זאָגען רבי, פאַר וואָס קומט דאָס מיר איך זאָל אַזוי דאַרפען פערפינסטערט ווערען, פון דער קאַץ, פאַר וואָס איז דאָס, אָט ווייס איך למשל אַז זעלדרעטשקע האָט אַ מאָהל געהאַט אַ פּאַס־קודנע קאַץ און זי האָט פון איהר געוואָלט פטור ווערען, האָט זי איהר אָנגעטהאָן אַ שפּריי־העלצעל אויפ׳ן עק, איז די קאַץ אַנטלאָפען וואו פעפער וואַקסט ביז היינטיגען טאָג; אלא וואָס וועט איהר זאָגען, צער בעלי חיים? איז דאָך ווידער די קשיא, אויף מיר איז ניטאָ קיין צער בעלי חיים? וועט איהר דאָך מיר בודאי וועלען זאָגען אַז..... רבניו! גאָט איז מיט אייך! וואָס איז אייך אַזעלכעס!?... רביצין! רביצין! וואו זייט איהר?... ניכער! ניכער! דער רבי האַט אַ פּנים גע׳חלש׳ט!... וואַסער! וואַסער!...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פ.־יי בעארביט מאָזעס.

